שאָלעמ - אַלייכעמ

# אפּנ פּידל

צוגעגרייט צום דרוק א. האָלדעס

№ 10 (20) ביבליאָטעק „זײַ גרייט"
אוקרמעלוכענאצמינדפארלאג

Бібліографічний опис
цього видання вміщено в
„Літописі Україн. Друку",
„Картковому репертуарі"
та інших покажчиках
Українськ. Книжк. Палати

אָ. פּ. ק. פּ. ט.
8־טע רעפּובליקאַנישע פאַבריק
כאַרקאָוו, טשערוואָני ריאַדי 28־25.

באַפולמעכט. פון הויפּטליט 4761.
באַשט. 1931. טיראַזש 6000.
1936

פּאַפּיר 94 x 62—1/32—38 קג.
7/8 דרוק־בויגן, אין 1 פּאַפּיר.
בויגן 70000 דרוק־צייכנס.
אָפּגעגעבן אין זאַץ—17/XII
אונטערגעשריבן צום דרוק—36 II/11

פאַראַנטוואָרטלעכער רעדאַקטער —
מ. רוזין
טעכנאָפירער א. פּראָכאָווניק
קאָרעקטאָר ל. הילער

# אפנ פידל

(דערצײלונג פונ די קינדעריאָרנ)

## 1

— הײַנט װעל איך אײַך, קינדער, שפּילנ אביסל אפנ פידל. ניטאָ, אַזוי דאכט זיך מיר, קײַנ שענערס אונ קײַנ בע־סערס, װי אז מע קאָנ שפּילנ אפנ פידל. װאָס, עפּשער ניט אזוי? איך װײס ניט, װי אזוי איר — איך, פונ זינט איך בינ צו מײַנ סײכל געקומענ, בינ איך אויסגעגאנ־גענ נאָך א פידל אונ האָב ליב געהאט גלאט קלעזמער, װי דאָס לעבנ! איז געװענ ערגעצ א כאסענע אינ שטעטל, בינ איך געװענ דער ערשטער, װאָס איז גע־לאָפנ מעקאבל־פּאָנעם־זײַנ 1) די קלעזמער, זיך פאר־גאנװענע פונהינטנ צום קאָנטראבאס, א צי טאָנ בא דער גראָבער סטרונע: בום! — אונ אַנטלויפנ. פאר דעמדאָ־

1) באגעגענענ.

זיקנ „בום„ האָב איך אמאָל געכאפּט פונ בערל באס א מיִעסנ פּסאק. בערל באס, א בייזער ייִד, מיט א צעפּלעטשטער נאָז אונ מיט א שארפנ קוק, האָט זיך געמאכט, ווי ער זעט ניט, אז איך גאנווע זיך צום קאָנטראבאס. אונ בעשאס איך האָב אויסגעצויגנ די האנט צו דער גראָבער סטרונע, האָט ער מיך אָנגעכאפּט פארנ אויער אונ אָפּגעפירט מיך מיט קאָוועד גלײַך צו דער טיר:

— נא, מאמזער, קוש די מעזוזע! 1).

דאָס האָט מיך אָבער ווינציק־וואָס אָנגעלערנט. איך בינ ניט אָפּגעטראָטנ פונ די קלעזמער אפּ קײַנ האָר. איך האָב זיי ליב געהאט אלע, פונ שײַקע פידעלע, מיט דער שיינער שווארצער באָרד אונ מיט די דינע ווײַסע פינגערלעך, ביז געצי פּײַקלער מיטנ שיינעמ האָרב אונ מיטנ היפּשנ — איך בעט איבער אײַער קאָוועד — פּליך איבער די אויערנ. ניט איינמאָל בינ איך געלעגנ אונטער א באנק אונ האָב געהערט, ווי די קלעזמער שפּילנ, וואָרומ מע האָט מיך געטריבנ אהיימ, אונ פונ דאָרטנ, פונ אונטער דער באנק, געקוקט אפּ שײַקעס דינע פינגערלעך, ווי זיי טאנצנ איבער די סטרונעס, אונ זיך צו־

1) בא רעליגיעזע יידנ פלעגט מענ צוקלאפּנ צום ביישטידל פונ דער טיר א שטיקל פּארמעט, אפּ וועלכנ עס זײַנענ אויפגעשריבנ באשטימטע פראזעס פונ דער ביבל. דאָס ווערט אָנגערופנ מעזוזע. באמ ארײַנגיינ אונ ארויסגיינ פונ שטוב פלעגט מענ א קוש טאָנ די מעזוזע. „קוש די מעזוזע„ — דאָ א איראָנישער אויסדרוק, געמיינט — פארנעמ זיך, גיי אוועק פונדאנענ.

געהערט צו די זיסע קוילעס, וואָס ער האָט אזוי קונציק ארויסבאקומען פון זײַן פידעלע.

א צעקאָכטער פלעג איך נאָכדעם ארומגיין עטלעכע טעג קעסיידער, און שײַקע מיטן פידעלע איז מיר געשטאנען פאר די אויגן. באנאכט האָב איך אים געזען אין כאָלעם און בײַטאָג אף דער וואָר,—ער איז מיר ניט ארויס פונעם קאָפּ. איך פלעג מיר פאָרשטעלן, אז איך בין שײַקע פידעלע, אויסבייגן די לינקע האנט און מאך מיט די פינגער און גיבן א פיר מיט דער רעכטער האנט, ווי מיטן סמיק, בעשאסמײַסע פארווארפן דאָס קעפל אף א זײַט, די אויגן אביסעלע צוגעמאכט— פונקט ווי שײַקע, ס'זאָל דאָס פעלן א האָר!

האָט דערזען דער רעבע נאָטע־לייב — ס'איז געווען סאמע באם לערנען,—אז איך מאך מיט די הענט און פארווארף דאָס קעפל און גלאנץ מיט די אויגעלעך, האָט ער מיר אָפּגעשטעקט א רעכטן פּאטש:

— א הולטײַ קאָן! מע לערנט מיט אים קאָמעץ־אלעף, מאכט ער האוויַיעס 1), כאפט פליגן!

## 2

איך האָב מיר געגעבן דאָס וואָרט, עס מעג זיך קערן די וועלט, איך מוז האָבן א פידעלע. עס מעג מיך

1) גרימאסן.

קאָסטן מי־יוידייע־וואָס! 1) נאָר פון וואָס מאכט מען א פידעלע, געוויינלעך, פון „טענענהאָלצ".

ס'איז אָבער גרינג אויסצורײדן „טענענהאָלצ"! ווו קריגט מען דאָסדאָזיקע האָלצ, אז בעסאכאקל וואקסט דאָס, זאָגט מען, נאָר אינ ערעצ־יסראָעל? וואָס טוט גאָט? גיט ער מיר אריַין אזא מאכשאָווע 2):

באַ אונדז איז געווען אן אלטע קאנאפּע, א ירושע־קאנאפּע נאָך פון זיידן רעב אנשל, וואָס איבער איר האָבן זיך געשלאָגן מיַינע צוויי פעטערס מיטן טאטן, אָלעווהאשאָלעם 3). דער פעטער בעני האָט געטיַינעט, אז ער איז דער עלטערער זוג, קומט אים די קאנאפּע; און דער פעטער סענדער האָט געטיַינעט, אַז ער איז דער יינגסטער, קומט אים די קאנאפּע; און דער טאטע, אָלעווהאשאָלעם, האָט געטיַינעט, אז ער איז טאקע ניט מער ווי אן איידעם, האָט ער אפ דער קאנאפּע קיַין שליטע ניט 4), נאָר אַזוי־ווי זיַין וויַיב, דאָס הייסט, די מאמע מיַינע, איז א באסיעכידע 5), קומט איר די קא־נאפּע. דאָס איז איינ מאָל אָוועק. וועהאשינעס 6), שטייט די

1) וואָס עס זאָל מיך ניט קאָסטן.
2) געדאנק.
3) אלעווהאשאָלעם (פריד אפ אים) — א רעליגיעזער אויסדרוק באם דערמאנען א געשטאָרבענעם.
4) קיין מאכט ניט, קיין רעכט ניט.
5) איינציקע טאָכטער.
6) און צווייטנס.

קאנאפּע בּאַ אונדז איז שטוב, איז די קאנאפּע אונדזער קאנאפּע. האָבּן זיך אַרײַנגעמישט בּײדע מומעס, די מומע איטקע און די מומע זלאטקע, און האָבּן אָנגעפירט אַ רעכילעס, פון אײנעם צום אנדערן: קאנאפּע־קאנאפּע. די שטאָט האָט זיך געוויגט מיט דער קאנאפּע! בּעקיצער, די קאנאפּע איז געבּליבּן אונדזער קאנאפּע.

דידאָזיקע קאנאפּע איז געווען אַ פּאָשעטע, אַ הילצערנע קאנאפּע, נאָר בּאַצויגן פונויבּן מיט אַ דינן האָלץ, וואָס איז אין עטלעכע ערטער אָפּגעשטאנען, געווען אױפגעבּלאָזן... אָט דאָס אויבּערשטע האָלץ, וואָס איז אָפּגעשטאנען, איז געווען דאָס עמעסע „טענענהאָלץ”, וואָס גײט אַף פידלען. אַזוי האָבּ איך געהערט זאָגן אין כײדער. אײן כעסאָרן האָט די קאנאפּע געהאַט, און דערדאָזיקער כעסאָרן איז געווען אַ מײַלע, דעהײַנע 1), אַז מע האָט זיך אַף איר אַנידערגעזעצט, האָט מען ניט געקאָנט אופשטײן, מאַכמעס זי איז געשטאנען אַבּיסל בּארג־אַראָפּ, פון אײן זײַט מעשופּעדיק און אינמיטן אַ גרובּ. איז אָבּער געווען די מײַלע, ה'אָס קײנער האָט ניט געוואָלט זיך זעצן אַף איר. האָט מען זי אוועקגעשטעלט אין אַ ווינקל, געגעבּן אַ „טשיסטע אָטסטאַווקע” 2).

אָט אַף דער קאנאפּע האָבּ איך געוואָרפן אַן אויג. אַ סמיטשעק האָבּ איך מיר צוגעגרײט נאָך פון לאַנג.

1) דאָס הײסט.
2) דאָ געמײנט — אינגאנצן אופגעהערט צו בּאנוצן.

איך האָב געהאט א כאוועד שימעלע, יודל דעם באלע־גאָלעס, האָט ער מיר צוגעזאָגט עטלעכע האָר פונעם טאטנס פערדס ווײדל, און זשיוויצע אפ צו שמירן דעם סמיטשעק האָב איך אליין געהאט. איך האָב פײַנט זיך פארלאָזן אפ ניסים 1). איך האָב דאָס אויסגעביטן בא מײַנעם א כאוועד, מייער־ליפע סאָרעס, אפ א שטיקל שטאָל פון דער מאמעס קרינאָלינע 2), וואָס האָט זיך געוואלגערט אפן בוידעם. פונעם שטיקל שטאָל האָט מייער־ליפע סאָרעס געמאכט א מעסערל. פון ביידע זײַטן גוט אָנגעשאַרפט, האָב איך אפילע כיישעק געהאט זיך אָפּבײַטן מיט אים צוריק, האָט ער ניט געוואָלט. ער האָט זיך צעשריגן:

— א כאָכעם א יִיד! וואָס זאָגט איר אפ זײַן טאטן? איך האָרעווע אָפּ דרײַ נעכט, איך שאַרף און שאַרף און צעשנײַד זיך אלע פינגער שארפנדיק — קומט ער איצטער צו גײן און וויל זיך אָפּבײַטן צוריק!

— קוק אים אָן אביסל! — זאָג איך — נו, דאַרף מען ניט! א טײַערע מעציִע, א שטיקל שטאָל! קארג שטאָל וואלגערט זיך בא אונדז אפן בוידעם? עס וועט כאפן אפ קינדער און קינדס־קינדער.

האקלאל, איך האָב געהאט אלצדינג, וואָס מע בא־

1) וווּנדער.
2) א קלייד פון אמאָליקער מאָדע, געניייט זייער ברייט, דאָס צייג ארופגעצויגן אפ מעטאלענע רייפלעך.

דארף. עס איז געבליבן נאָר איין ארבעט: קאלופען דאָס „טענענהאָלצ" פונ דער קאנאפע. איך האָב אויס־געקליבן דערופ זייער א ווילדע צײַט: בעשאַס די מאמע איז געווען אינ קלייט, אונ דער טאַטע האָט זיך נאָכן עסן צוגעלייגט דרימלען. האָב איך זיך פאַרקליבן אינ ווינקל אריינ מיט א טשוואָק אונ האָב זיך גענומען צו דער ארבעט גאנצ געשמאק. האָט דער טאטע דערהערט דורכן שלאָפ, ווי עמעצער באַבערעט זיך, האָט ער פריער געמיינט, אפאָנעם, אז ס'איז מײַז אינ שטוב. האָט ער אָנגעהויבן שרײַען פונדאָרטן: קיש! קיש! איך בינ גע־בליבן אַ געשטאָרבענער... דער טאטע האָט זיך איבערגע־קערט אפ דער אנדערער זײַט, אונ אז איך האָב דער־הערט, אז ער כראָפעט, האָב איך זיך ווידער גענומען צו דער ארבעט... פלוצים, איך טו אַ קוק—דער טאטע שטייט אינ קוקט אפ מיר מיט מאָדנע אויגנ. עס ווײַזט אויס, אַז טכילעס 1) האָט ער בעשומויפן ניט פאַר־שטאנען, וואָס דאָס איז. נאָכדעם, אז ער האָט דערזען די צעקארדאשעטע קאנאפע, האָט ער מיך ארויסגעצויגנ פונדאָרטנ פארנ אויער אונ האָט מיך אזוי געשלאָגנ, אַז מע האָט מיך געדארפט מינטערן, פאָשעט אָפגיסן מיט קאלט וואסער.

— גאָט איז מיט דיר! וואָס האָסטו געטאָן מיטן קינד?— האָט די מאמע געוויינט מיט טרערן אינ די אויגנ,

1) צוערשט.

— דער קאדעש דײַנער! 1) ער וועט מיך אַרײַנטרײַבן א לעבעדיקן אין דער ערד אַרײַן! — זאָגט דער טאַטע, בלאס ווי די וואַנט, כאַפּט זיך פארן הארצן און פארהוסט זיך אַף עטלעכע מינוט.

— וואָס־זשע דארף מען זיך אַזוי אָפּעסן דאָס הארץ? — זאָגט צו אים די מאמע. — ביסט אַזוי אויך א קראנקער! טו א קוק, וואָס פאר א פּאָנעם דו האָסט, אַזא יאָר אַף מײַנע סאָנים!

3

דער כיישעק צו שפּילן אַפן פידל איז געוואַקסן מיט מיר אינאיינעם. וואָס עלטער איך בין געוואָרן, איז דער כיישעק געוואָרן נאָך גרעסער. און ווי אַפּצעלאָכעס האָב איך אַלע טאָג באדארפט האָרכן קלעזמער. פּונקט אינמיטן וועג, צווישן דער היים און צווישן כיידער, איז געשטאַנען א קליינע שטיבל, מיט ערד געדעקט — פלעגט זיך פונדאָרטן טאָמיד הערן פאַרשיידענע קוילעס און געזאַנגען פון אַלערליי קיילים 2). און מערסטנטייל — קוילעס פון א פידל. דאָרטן איז געזעסן א קלעזמער, נאַפטאָלי בעזבאָראָדקי, א ייד, מיט אַן אונטערגעהאַקטער קאַפּאָטע, מיט אונטערגעבויגענע פּייעס, מיט

1) געמיינט — דער זון דײַנער. קאַדעש — א טפילע, וואָס א זון פלעגט לויט דער רעליגיע דארפן זאָגן נאָך פאַרשטאָרבענע עלטערן.

2) קיילע, קיילים — דאָ געמיינט — מוזיקאַלע אינסטרומענטן.

א געפרעסטנ קאָלנער. א נאָז האָט ער געהאט א היפ־
שע, וואָס האָט אויסגעזעענ ווי א צוגעקלעפּטע, ליפּנ
גראָבע, ציינ שווארצע, דאָס פּאָנעמ געשטופּלט אונ נאָר
א סימענ פונ א באָרד, אונ דערפאר טאקע האָט מענ
אימ גערופנ „בעזבאָראָדקי". א ווייַב האָט ער געהאט א
מאכיניע 1), האָט מענ זי גערופנ די „מוטער כאווע",
אונ קינדער איז בא אימ געווענ א טוצ אנדערהאלבנ,
אונ אלע, פונעמ גרעסטנ ביזנ קלענסטנ, האָבנ זיי געשפּילט:
דער אפנ פּידל, דער אפ דער אלט, דער אפנ באס,
דער אפנ טרומייט, דער אפנ פלייט, דער אפנ פאגאָט,
דער אפ דער הארפע, דער אפנ צימבל, דער אפ דער
באלאלייַקע, דער אפנ פּויק, דער אפ די טאצנ. צווישנ
זיי זייַנענ אויכ געווענ אזעלכע, וואָס האָבנ געקאָנט
אויספייַפנ דעמ גרעסטנ ניגנ מיט די ליפּנ, אפ די ציינ,
אפ גלעזלעכ אָדער אפ טעפּלעכ, אפ שטיקלעכ האָלצ,
אָדער גאָר אפ די באקנ! — שיידימ, רוכעס אונ גאָר!

מיטנ דאָזיקנ געזינדל האָב איכ מיכ באקאנט גאָר אומ־
געריכט. איכ בינ געשטאנענ איינמאָל בא זיי אונטערנ
פענצטער, זיכ אונטערגעהערט, ווי זיי שפּילנ. האָט איי־
נער פונ די עלטערע קינדער, פּיניע דער פלייטיסט, א
באָכער פונ א יאָר פופצנ, נאָר א באָרוועסער, מיכ
דערזענ שטיינ, איז ער ארויסגעגאנגענ צו מיר אונ פרעגט
מיכ, צי עס געפעלט מיר זייער שפּילנ?

1) געמיינט — אנ אומגעלומפּערט-גרויסע.

— האלעווײַ, — זאָג איך, — וואָלט איך אײַנגעצוגן יאָר אַרום אזוי געשפּילט!

— קאָנסט דאָס אויספירן, — מאכט ער צו מיר און גיט מיר אָנצוהערעניש, אַז פּאָר צוויי קאַרבנ א כוידעש וועט מיך דער טאַטע זײַנער אויסלערנען שפּילן. אויב איך וויל, וועט ער מיך לערנען, דער זון, הייסט דאָס.

— אַף וואָס פאַר אַ אינסטרומענט, — מאכט ער, — וואָלסטו געוואָלט שפּילן? אַפן פידל?

— אַפן פידל.

— אַפן פידל? — מאכט ער — קאָנסט צאָלן דריטהאלבן קערבלעך אַ כוידעש? צי דו ביסט אזא קאַסריליק ווי איך?

— קאָנען קאָן איך, — זאָג איך, — נאָר וואָס דען: עס טאָר ניט וויסן דערפון ניט דער טאַטע, ניט די מאַמע, ניט דער רעבע.

— כאַסוועכאָלילע! — מאכט ער, — ווער דאַרף דאָס גיין אויספּויקן? עפּשער געפינט זיך בא דיר אַ ציגאַר טוטינ, אָדער אַ פּאַפּיראָס? נײַן? דו רויכערסט ניט? אַנטלײַ־זשע מיר אַ פּיאַטאַקל, וועל איך מיר אַליין קויפן פּאַ־פּיראָסן, נאָר זאָלסט ניט זאָגן קיינעם, מאַכמעס דער טאַטע טאָר ניט וויסן, אַז איך רויכער. און די מאַמע ווייסט געוויס, ווערן, אַז איך האָב געלט, וועט זי דאָס געלט צונעמען און קויפן בייגל אַף אָנבײַסנ. קום אײַן שטוב אַרײַן, וואָס וועלן מיר דאָ אויסשטיין?

# 4

מיט גרויסע פּכאָדים 1), מיט א קלאפּנדיק הארצ, מיט ציטערנדיקע פיס האָב איכ אריבערגעשפּאנט די שוועל פונעם דאָזיקנ קליינעמ גאַניידנ.

מײַנ נײַער כאווער פיניע האָט מיכ פאָרגעשטעלט פארנ פאָטער; — שאָלעמ־נאָכעמ וועוויקס, א נאָגידס א יינגל, האָט כיישעק לערנענ אפּנ פידל.

נאפּטאָלצי בעזבאָראָדקי האָט אונטערגעבויגנ די פּייעס, צורעכטגעמאכט דעמ קאָלנער, פארשפּיליעט די קאפּאָ־טע אונ פארבונדנ מיט מיר א ברייטנ שמועס מעקויעכ שפּילנ ביכלאל אונ אפּנ פידל ביפּראט 2), געגעבנ מיר צו פארשטײנ, אז פידל איז די בעסטע אונ די שענסטע פונ אלע קיילים, עלטערס אונ כאָשעווערס פונ פידל איז שוינ גאָר ניטאָ אפּ דער גאנצער וועלט. א סימענ האָב איכ, פארוואָס עפּעס דיריזשירט טאָמיד די פידל, ניט דער טרומייט אָדער די פלייט? מאכמעס פידל — דאָס איז די מאמע פונ אלע קיילים.

אזוי האָט מיר נאפּטאָלצי בעזבאָראָדקי געלייענט א גאנצע לעקציע פונ מוזיק, געמאכט בעשאסמײַסע מיט די הענט אונ מיט דער נאָז, — אונ איכ בינ געשטא־נענ אונ געקוקט אימ אינ מויל ארײַנ, באטראכט די

1) פּאכעד, פּכאָדימ — שרעק, שרעקעניש.
2) ביכלאל — אינאלגעמיינ, ביפּראט — באזונדערס.

שוואַרצע ציין זײַנע און געשלונגען, מאַמעש געשלונגען די ווערטער.

— פידל, פאַרשטייסטו מיך, — זאָגט צו מיר ווײַ־טער נאַפּטאָלי בעזבאָראָדקי און איז צופרידן, אַפּנים, מיט דער לעקציע, — פידל, פאַרשטייסטו מיך, איז אַזאַ קיילע, וואָס איז עלטער פון אַלע קיילים. דער ערשטער פידלער אַף דער וועלט איז געווען טובאַל־קאַין 1), צי מעסושעלעך 2), — איך געדענק שוין ניט אַקוראַט, דו קערסט בעסער וויסן, דו לערנסט דאָך מיסטאַמע אין כיידער? דער אַנדערער פידלער איז געווען דאָוויד־האַ־מײלעך 3), נאָך איינער אַ דריטער איז געווען, פּאַגאַ־ניני 4) האָט ער געהייסן, אויך אַ ייִד: אַלע בעסטע פידלער אַף דער וועלט זײַנען געווען ייִדן, לע־מאָשל, סטעמפּעניו, פּעדאָצער 5) פון זיך רייד איך ניט. מע זאָגט, אַז איך שפּיל ניט שלעכט אַפן פידל, — נאָר ווי קום איך צו פּאַגאַניני? פּאַגאַניני, זאָגט מען, האָט פאַרקויפט דעם אַשמעדײַ 6) די נעשאָמע פאַרן פידל. פּאַגאַניני האָט פײַנט געהאַט שפּילן פאַר גרויסע מענטשן,

1) לויט דער ביבלישער לעגענדע דער ערשטער שמיד.
2) אַ פיגור פון דער ביבל־לעגענדע, וואָס האָט קלוימערשט געלעבט באַ טויזנט יאָר.
3) אַ ביבלישער קעניג.
4) ניקאָלאָ פּאַגאַניני, אַ באַרימטער איטאַליעניש
ער פידלער און קאָמ־פּאָזיטער, געלעבט אין די יאָרן 1782-1840 י.
5) באַוווּסטע יידישע פאָלקס־מוזיקאַנטן.
6) אַ פאַנטאַסטישע פיגור, דער עלטסטער פון די שיידים און רוכעס.

מאלכוסים 1) און פויפסטן 2), כאָטש מע פלעגט אים אָפגילטן. ער האָט בעסער ליב געהאט שפילן פאר אָרעמעלייט אין אלע שענקלעך, אין אלע דערפער, אָדער גאָר אין די וועלדער פאר כייעס און אויפעס. אָט וואָס פאר א פידלער פאַגאניני איז געווען... העי, כעוורע-פלעצל, צו די קיילים!

אזוי האָט נאפטאָלצי בעזבאָראָדקי אויסגערופן צו זיין קאָמאנדע קינדער, וואָס זיינען זיך צונויפגעקומען אלע אין איין מינוט, גענומען זיך איטלעכער צו זיין אינסט-רומענט. נאפטאָלצי אליין איז אופגעשטאנען, א זעצ געטאָן מיטן סמיק אין טיש אריין, געוואָרפן א שארפן קוק אף איטלעכן באזונדער און אף אלע מיטאמאָל, — און מע האָט א שפּיל געטאָן א קאָנצערט אף אלערליי אינסטרומענטן מיט אזא קויעך, אז איך בין שיר ניט אומגעפאלן פון די פיס. איטלעכער האָט זיך געפלייסט איבערשרייען דעם אנדערן; און מער פון אלע האָט מיך פארשריגן איינער א קליינער, וואָס האָט געהייסן כע-מעלע, א טרוקן יינגעלע מיט א נאס נעזעלע און מיט באָרוועסע אָנגעדראָלענע פיסלעך. כעמעלע האָט געשפּילט אף א מעשונע-מאָדנע קיילע, עפעס א מין זאק אזעלכער, וואָס אז מע בלאָזט אים אָן, לאָזט ער נאָכדעם ארויס

1) קעניגן.

2) פויפסט—דער הויפט (דער עלטסטער) פון דער רוימיש-קאטוילישער קירכע.

א מעשונע קאָל, א מאָדנעם קוויטש, ווי א קאַץ, בעשאָט מע טרעט איר אָן אפּן ־ווײדל. כעמעלע האָט מיטן באָר־ווערסן פיסל אויסגעשלאָגן טאַקט, געקוקט די גאנצע צײַט אָפּ מיר מיט קלײנע גנײוױשע אײגעלעך און אונטער־געוווּנקן, ווי אײנער רעדט: „אָבער איאָ, — איך בלאָז גוט"? נאָר מער פון אלע האָט געאַרבעט נאָפּטאַלצי אלײן, ער האָט אי געשפּילט, אי דיריזשירט, געאַרבעט מיט די הענט, מיט די פיס, מיט דער נאָז און מיט די אויגן און מיטן גאַנצן גוף, און טאַמער, כאַלילע, האָט עמעצער געמאַכט א פעלער, האָט ער א קריץ געטאָן מיט די צײן און א זאָג געטאָן מיט קאַעס:

— פּאָרטאָ, פּאַרכוצי! פּאָרטאָ־פּאָרטיסימאָ!.. 1) טאַקט, מאַמזער! טאַקט!.. אײנס, צוויי, דרײַ! אײנס, צוויי, דרײַ!...

# 5

אָפּגעמאַכט מיט נאָפּטאַלצי בעזבאָראָדקי פאַר דרײַ מאָל אין דער וואָך, אנדערהאַלבן שאָ אין טאָג, צוויי קערבלעך א כוידעש — בעט איך אים נאָכאמאָל און נאָכ־אמאָל, עס זאָל זײַן בעסאָד־סוידעס 2). — א ניט בין איך א פאַרפאַלענער. ער גיט מיר זײַן ערנוואָרט, אז עס וועט ניט וויסן דערפון קײן פויגל.

— מיר זײַנען אזעלכע מענטשן, — זאָגט ער צו מיר

1) א טערמין אין מוזיק, באַטײַט: שטאַרק, שטאַרקער.
2) זייער געהיים, קיינער זאָל ניט וויסן.

מיט גאדלעס 1) און מאכט צורעכט דעם קאָלנער, — וואָס קאָטאָרע קיין געלט האָבן מיר ניט, נאָר יושער און ערלעכקייט איז בא אונדז פאראן מער ווי באם גרעסטן גוויר! עפשער געפינט זיך בא דיר עטלעכע גראָשן?

איך כאפ ארויס און גיב אים א קערבל. נאפטאָלצי נעמט דאָס צו בא מיר, ווי א פּראָפעסער, מיט צוויי פינגער, רופט צו די מוטער כאווע, קוקט אין א זייט און מאכט צו איר:

— נא, קויף עפּעס אָנבייסן!

די מוטער כאווע נעמט צו בא אים דאָס קערבל שווינ דאפקע מיטביידע הענט און מיט אלע פינגער, באטראכט דאָס דאפקע פון אלע זייטן און טוט א פרעג דעם מאנ, וואָס זאָל זי קויפן.

— וואָס דו ווילסט, — ענטפערט ער, איז קלוימערשט קאלטבלוטיק, — קויף בולקעס טטלעכע, הערינג א צוויי־דריי און דארע קישקע און א ציבעלע פארגעס ניט, עסיק און בוימל, נו, און א גלעזל בראָנפן דאָרטן...

אז דידאָזיקע אלע זאכן זיינען באשאפן געוואָרן אפן טיש, איז דער אוילעם אָנגעפאלן אף דערופ מיט אזא אפעטיט, גלייך ווי נאָך א טאָנעס 2), — עס האָט אזש מיך אָנגענומען א ייצער־האָרע 3), און אז מע האָט

1) גרויסקייט, איבערנעמען זיך.
2) א טאָג, ווען עס איז לויט דער רעליגיע פארבאָטן צו עסן.
3) עס האָט זיך מיר אויך שטארק פארגלוסט עסן.

מיך געבעטן, איך זאָל גײן צום טיש, האָב איך מיך ניט געקאָנט אָפּזאָגן, און איך געדענק ניט די צײַט, װען איך זאָל אַזױ האַנאָע האָבן פֿונעם עסן, װי איך האָב האַנאָע געהאַט פֿון דערדאָזיקער סודע.

נאָך דער סודע האָט בעזבאָראָדקי אַ װוּנק געטאָן צו דער קאָמאַנדע, מע זאָל זיך נעמען צו די קײלים, און מע האָט מיך מעכאַבעד געװען װידעראַמאָל מיט אַ זאַך, — „זײַנע אײגענע קאָמפּאָזיציע”.

דידאָזיקע „קאָמפּאָזיציע” האָבן זײ געשפּילט מיט אַזאַ ראַש, אַז עס האָט מיר מאַרטורקעט די אױערן און פאַרטומלט דעם קאָפּ, — און איך בין אַװעק פֿון דאָרטן אַ שיכּערער פֿון נאַפּטאָלצי בעזבאָראָדקיס „קאָמפּאָזיציע”.

אַ גאַנצן טאָג אין כּײדער האָט זיך מיר געדרײט דער רעבע מיט די טאַלמידים, מיט די ספאָרים. און אין די אױערן האָט מיר ניט אױפֿגעהערט צו קלינגען די „קאָמפּאָזיציע”. באַנאַכט איז מיר געקומען צו כאָלעם פּאַגאַניני, רײַטנדיק אױפֿן אַשמעדײַ, און האָט מיר דערלאַנגט מיטן פֿידל איבערן קאָפּ, — איך האָב זיך אױפֿגעכאַפּט מיט אַ געשרײ און מיט אַ קאָפּװײטיק און האָב אָנגעהױבן שיטן מיט װערטער, װי פֿון אַ זאַק. װאָס איך האָב גערעדט — װײס איך ניט, נאָר מײַן עלטערע שװעסטער פּעסל האָט מיר נאָכדעם דערצײלט, אַז איך האָב געװידעט פֿון היץ, עס האָט זיך ניט געקלעפּט אַ װאָרט צו

א וואָרט, עפּעס ווילדע נעמען: „קאָמפּאָזיציע״, פּאגאניני...
און נאָך א זאך האָט מיר די שוועסטער דערציילט, אז
אין דער צײַט, וואָס איך בין געלעגן שלאָף, איז מען
א פּאָר מאָל געווען בא אונדז פון נאפּטאָלצי דעם
קלעזמער, עפּעס א באָרוועס ייִנגל, נעווירע ווערן, וואָס
איך מאך, האָט מען אים דורכגעטריבן און פארזאָגט,
ער זאָל זיך מער ניט דערוועגן קומען אהער...

— וואָס האָט געטאָן בא דיר דעם קלעזמערס ייִנגל? —
פרעגט מיך מײַן שוועסטער און מוטשעט מיך, איך זאָל
זאָגן, נאָר איך האַלט זיך איינס: איך ווייס ניט, כ'לעבן,
איך ווייס ניט, — פונוואנען זאָל איך וויסן?

— וואָס פאר א פּאָנעם האָט דאָס? — זאָגט צו מיר
די מאמע, — ביסט שוין קײַן איינהאָרע א באָכערל צו
לײַטן, מע רעדט דיר שוין שידוכים, און דו האָסט צו־
טאָן מיט שיינע כאוויירים, באָרוועסע קלעזמערלעך! וואָס
פאר א מעכוטן ביסטו מיט קלעזמער? וואָס האָט דאָ
געטאָן בא דיר נאפּטאָלצי דעם קלעזמערס ייִנגל?

— וואָסער נאפּטאָלצי, — זאָג איך און מאך זיך
טאמעוואטע — וואָסער קלעזמער?

— קוק אים אָן! — מישט זיך ארײַן דער טאטע, —
ער ווייסט ניט פון וואָס צו זאָגן! נעבעך, גאָט די נע־
שאָמע שולדיק! איך אין דײַנע יאָרן בין שוין לאנג
געווען א כאָסן, און ער שפּילט זיך נאָך מיט כאוויירים!
טו זיך אָן און גיי אין כיידער ארײַן! טאָמער וועט דיך

באַגעגענען הערשל באַלטאַקסע 1) און וועט דיך אַ פרעג טאָן, וואָס איז דיר געווען, זאָלסטו זאָגן — קאַ־דאָכעס. דו הערסט, וואָס איך רייד צו דיר, קאַדאָכעס!

איך הייב ניט אָן צו פאַרשטיין: וואָס פאַר אַ מענטש איז דאָ הערשל באַלטאַקסע? און צוליב וואָס באַדאַרף איך אים זאָגן „קאַדאָכעס"?... אין עטלעכע וואָכן אַרום איז מיר פאַרענטפערט געוואָרן די קשיא.

## 6

הערשל באַלטאַקסע (אַזוי האָט מען אים גערופן דער־פאַר, וואָס ער און דער טאַטע און דער זיידע זיינער האָבן פון טאָמיד אָן געהאַלטן די טאַקסע, ס'איז שוין געווען באַ זיי אַ חזקה) איז געווען אַ יונגערמאַן מיט אַ קיילעכיק ביַיכל, מיט אַ רויט בערדל, מיט נאַסע אייגעלעך און מיט אַ ברייטן ווייַסן שטערן,— אַ סימען פון אַ קאָפּמענטש. ער האָט טאַקע געשעמט אין שטעטל פאַר אַ ווילן יונגנמאַן, אַ מאַסקל 2), אַ מושלעם 3),

1) טאַקסע — אַ ספּעציעלער שטייער אָפּ פלייש צווישן דער יידישער באַפעלקערונג אין צאַרישן רוסלאַנד. באַלטאַקסע — דער, וואָס פלעגט האַלטן די אַרענדע אַז צו מאָנען דעם שטייער. די יידישע אָרעמע באַ־פעלקערונג האָט שטאַרק געליטן פון דער טאַקסע, אין איז געווען אונ־טערן דרוק פון די באַלטאַקסעס און די איבעריקע קאָהאַל־לייט.

2) אַן אויפגעקלערטער.

3) אַ מענטש מיט מיילעס.

א שיינעם באַל־טאנאכ 1) אונ א שיינעם שרײַבער, דאָס הייסט, ער האָט געהאט א שיינ הענטל. מע האָט זיכ אמאָל,2) מיט זײַנע קסאָווים , זאָגט מענ, ארומגעטראָגנ אונ ארומגעפירט איבער דער וועלט, אונ דערצו האָט ער געהאט געלט אונ איינ טעכטערל, א באסיעכידע, א מיידל מיט רויטע הערעלעכ אונ מיט נאסע אייגעלעכ, צוויי טראָפּנ וואסער הערשל באלטאקסע. געהייסנ האָט זי עסטער, אונ גערופנ האָט מענ זי פארצויגנ — „פלעס־טערל“. געוועב איז זי ציטעריק אונ איידל! מוירע גע־האט פאר אונדז, כיידער ־ יינגלעכ, ווי פארנ מאלעכאמאָ־וועס, וואָרומ מיר האָבנ איר דאָקוטשעט, פלעגנ זיכ רייצנ מיט איר אונ זינגענ לידלעכ:

עסטערל!
פלעסטערל!
פארוואָס האָסטו ניט
קײַנ שוועסטערל?

דאכט זיכ, וואָס ליגט אזעלכעס אינ דידאָזיקע ווער־טער? איאָ, גאָרניט? פונדעסטוועגנ פלעגט פלעסטערל, אז זי האָט דערהערט דידאָזיקע ווערטער, פארשטעלנ זיכ די אויערנ אונ אנטלויפנ מיט א געוויינ, באהאלטנ זיכ בעכאדריי־כאדאָרימ 3), מוירע האָבנ ארויסגיינ עטלעכע טעג אפ דער גאס.

1) א קענער פינ ביבל.
2) שר פטנ.
3) ערגעצ ווייט אינ א צימער (קיינער זאָל זי ניט געפינענ).

נאָר דאָס איז געוועג אמאָל, בעשאס זי איז נאָכ געוועג א קינד. אצינד איז זי שוינ געוואָרנ א מיידל צו לײַטנ, פארפלאָכטנ זיכ א רויט צעפּל אונ געגאנגענ אָנגעטאָנ, ווי א קאלע, נאָכ דער לעצטער מאָדע. מײַנ מאמע האָט פונ איר שטארק געהאלטנ, פלעגט זיכ ניט קאָנענ אָפּלויבנ פונ איר: „אַ שטילע טויב“. עסטערל פלעגט אמאָל, שאבעס, ארײַנקומענ צו מײַנ שוועסטער פעסל, אונ אז זי האָט מיכ דערזענ, פלעגט זי ווערנ נאָכ רויטער, ווי זי איז געוועגנ, אונ אראָפּלאָזנ די אויגנ, אונ מײַנ שוועסטער פעסל פלעגט מיכ בײַשאסמײַסע דאפקע צורופנ, עפּעס פרעגנ אונ קוקנ אונדז בײדע אינ די אויגנ ארײַנ.

ווײַהי האיוימ 1) טרעפט זיכ א מײַסע, עס קומט ארײַנ צו אונדז אינ כיידער ארײַנ דער טאטע מײַנער מיט הערשל באלטאקסע, אונ נאָכ זיי שלעפּט זיכ נאָכ רעב שאָלעמ־שאכנע דער שאדכנ, א ייד מיט זעקס פינגער, מיט א געגרײַזלטער שווארצער באָרד אונ א גרויסער עויענ 2). דערזעענ אזעלכע געסט, כאפּט אפּ זיכ דער רעבע רעב זאָרעכ די קאפּאָטע מיטנ היטל, אונ מאכמעס גרויס אימפּעט פארקאטשעט זיכ אימ איינ פייע ארונטער אפּ יענער זײַט אויער, דאָס היטל פארקנייטשט

1) אינ איינעמ א טאָג.
2) אנ אָרעמאנ.

זיך און עס שטעקט ארויס הינטן די יארמעלקע העכער האלב, און עס הייבט אים אָן פלאמען א באק. מע האָט געקאָנט ארויסזען, אז דאָ איז עפעס ניט גלאט, און ביפראט, אז רעב שאָלעם־שאכנע דער שאדכן שוין פון א צייט, אז ער האָט אָנגעהויבן ארייַנקומען צו אונדז אין כיידער אריַין עפעס צו אָפטלעך, פלעגט אלעמאָל ארויס־רופן דעם רעבן אין הויז ארויס און דאָרט אוועקשטיין מיט אים עטלעכע מינוט, סוידען זיך און שושקען זיך, מאכן בעשאסמייַסע מיט די הענט און מיט די פלייי־צעס, און אויסלאָזן מיט א זיפצ:

— טאָ, מימאָנעפשעך, אויך די אייגענע מייַסע! איז ראָס באשערט, וועט דאָס מיסטאמע זייַן. וואָס קאָן מען וויסן, וואָס?

באם אריַינקומען פון די געסט, האָט דער רעבע רעב זאָרעך ניט געוווסט, וואָס ער זאָל טאָן, ווו ער זאָל זיי באזעצן, האָט ער געכאפט א קיך־בענקל, וואָס די רעבעצן זאלצט דערוף פלייש, און האָט זיך פוזער אביסל ארומגעדרייט מיט דעם עטלעכע מאָל הין און צוריק איבערן גאנצן כיידער, און נאָכדעם האָט ער דאָס קוים אוועקגעשטעלט און האָט זיך אליין טאקע אנידער־געזעצט אפ דעם. ער איז אָבער באלד אופגעשפרונגען, ווי אנ אָפגעבריטער, שטארק צעמישט און האָט זיך געכאפט בא דער אונטערשטער קעשענע פון דער קא־פאָטע, גלייַך ווי ער וואָלט עפעס פארלאָרן א מאטמען

מיט געלט 1) — אָט איז א בענקל, זעצט זיך—מאכט ער צו די געסט.

— נישקאָשע, זיצט, זיצט.— זאָגט צו אים דער טאטע,— מיר זײַנען ארײַנגעגאנגען צו אײַך, רעב זאָרעך, נאָר אף איין מינוט! זיי וועלן פארהערן מײַן יינגל טאנאך — און דער טאטע ווײַזט אָן אף הערשל באלטאקסע.

— אָך, מאכטייסע, פארוואָס ניט?—מאכט דער רעבע רעב זאָרעך און כאפט א טאנאכל און טראָגט דאָס אונטער הערשל דעם באלטאקסע מיט אזא פּאָנעם, ווי איינער רעדט: „נא דיר און טו וואָס דו ווילסט!"

הערשל באלטאקסע נעמט דאָס טאנאכל אין האנט ארײַן, ווי א מענטש, וואָס איז געניט אין דער סכוירע, בויגט אײַן דאָס קעפל אף א זײַט, מאכט צו איין אויג, מישט און מישט און טראָגט מיר אונטער דעם ערשטן פּאָסעק פון „שיר־האשירים" 2).

— „שיר האשירים"—גאָר?—רופט זיך אָן דער רעבע מיט א שמייכעלע, ווי איינער רעדט: קײַן הארבערעס ניט געקאָנט געפינען?

— שיך־האשיכים—ענטפערט אים הערשל באלטאקסע (ער קאָן ניט אויסריידן קיין רייש)—שיך־האשיכים איז ניט אזא גרינגע זאך, ווי איך מיינט; שיך-אשיכים דאכט מען פאכשטיין.

1) א מענגע מיט געלט.
2) די ערשטע פראזע פונעם ביבל־ווערק, וואָס הייסט „שיר־האשירים".

— אוואדע!—רופט זיך אָן רעב שאָלעם־שאכנע מיט א געלעכטער.

דער רעבע טוט צו מיר א ווונק, איך גיי צו צום טיש, צעשאָקל זיך און הייב אָן אפ א קאָל, מיט א זייער שיינעם ניגן...

בעשאס זינגען האָב איך דערווייל געקוקט אפ מיינע פארהערערס און באמערקט אפ איטלעכנס פּאָנעם אַן אנדער מינע. באם טאטן אפן פּאָנעם איז געווען אָנגע־צייכנט גאדלעס און פארגעניגן. אפן רעבנס פּאָנעם איז געשטאנען מוירע און פּאכעד, טאָמער, כאָלילע, האָב איך א טאָעס און מאך א פעלער; זיינע ליפּן האָבן שטילערהייט נאָכגערעדט מיט מיר איטלעכס וואָרט. הערשל באלטאקסע איז געזעסן דעם קאָפּ אביסל אפ א זייט, דאָס געלע בערדל אין מויל, איין אייגל צוגע־מאכט, דאָס אנדערע האָט געקוקט ארופ, אפ דער סטעליע, און צוגעהערט, ווי א גרויסער, גרויסער מייוון. רעב שאָלעם־שאכנע דער שאדכן האָט די גאנצע צייט ניט אראָפּגעלאָזט פון אים קיין אויג, ער איז געזעסן מיט א האלבן גופ איבערגעבויגן אפ צופריער, האָט מיר מיטגעהאָלפן שאָקלען זיך, האָט זיך ניט געקאָנט איינ־האלטן און האָט מיך איבערגעשלאָגן אינמיטן מיט אן אויסגעשריי, מיט א געלעכטער און מיט א הוסט איינעם און א מאך מיט דעם צווייענדיקן פינגער:

— אַז מע שמועסט, אַז ער יאָכלט (1 — יאָכלט ער!
אין עטלעכע טעג אַרום האָט מען געבראָכן טעלער, און איך בין געוואָרן צו מאַזל אַ כאָסן פאַר הערשעלע באַלטאַקסעס באַסיעכידקעלע—פלעסטערל.

# 7

אַמאָל מאַכט זיך, אַ מענטש וואַקסט אויס אין איין טאָג מער ווי אַן אַנדערער אין צען יאָר. אַז איך בין געוואָרן אַ כאָסן, האָב איך מיטאַמאָל דערפילט, אַז איך בין אַ „גרויסער“. דאַכט זיך, דער אייגענער, וואָס פריִער, נאָר פאָרט ניט דער. פונעם קלענסטן כאַווער ביזן רעבן רעבּ זאָרעכ האָט מען אָנגעהויבּן קוקן אַף מיר שוין מיט מער דערעכערעץ, — פאָרט אַ כאָסן מיט אַ זייגער! אויך דעוי טאַטע האָט שוין אויפגעהערט צו שרייַען אַף מיר; פון פּעטש שמועסט מען ניט: וויאַזוי נעמט מען דאָס אַ כאָסן מיט אַ גילדענעם זייגער און מע פּאַטשט אים אויס? אַ כאַרפּע פאַר לייַטן און אַ בּיזאָיען פאַר זיך אַליין! עמעס, מע האָט אַמאָל אָפּגעשמיסן בּאַ אונדז אין כיידער אַ כאָסן, עליע, דערפאַר, וואָס מע האָט אים געכאַפּט גליטשן זיך אַפן אייַז, — האָט טאַקע נאָכדעם געהאַט צוטאָן דערמיט די גאַנצע שטאָט: די קאַלע זייַנע,

---

(1 ער קען (קלינגט איראַניש).

אז זי איז געווירע געוואָרן פון אזא סקאנדאל, האָט זי אזוי לאנג געוויינט, ביז מע האָט אָפּגעשיקט דעם כאָסן די תנאָים 1), און דער כאָסן, עליע, הייסט דאָס, האָט זיך פאר הארצווייטיק און ביזאָיען געוואָלט אריינ־ווארפן אין טייַך אריַין, איז געווען פארפרוירן דאָס וואַ־סער...

קימאט אזא אומגליק האָט געטראָפן מיט מיר, נאָר ניט איבער שמיץ, און ניט איבער גליטשן זיך אפן אייַז, נאָר איבער א פּידל.

אָט אזוי איז געווען די מייַסע:

בא אונדז אין ווייַנשענק האָבן מיר געהאט אן אָפּטן גאסט, טשעטשעק דעם קאפעלמייסטער, וואָס מיר פלעגן אים רופן: „פאן פּולקאָווניק". דאָס איז געווען א גע־זונטער יונג, א הויכער, מיט א גרויסער קיַילעכיקער באָרד און מוירעדיקע ברעמען. גערעדט האָט ער אפ א מאָדנע געמישט לאָשן, וואָס איז באשטאנען פון עטלעכע שפראכן. בעשאס ריידן האָט ער געמאכט מיט די ברעמען ארויף און אראָפּ; אז ער האָט אראָפּגעלאָזט די ברעמען, איז דאָס פּאָנעם געווען שווארץ ווי די נאכט, און אז ער האָט זיי אופגעהויבן — איז דאָס גע־ווען קלאָר ווי דער טאָג, וואָרום עס האָבן זיך גע־פונען אונטער דידאָזיקע געדיכטע ברעמען א פּאָר העל־

1) פאַרלויפיקער כאסענע-קאָנטראקט.

בלויע, גוטע שמייכלענדיקע אויגנ. געטראָגנ האָט ער א מונדיר מיט גאָלדענע קנעפּ, אונ דערפאר טאקע האָט ער בא אונדז געהייסנ „פּאנ פּולקאָווניק". בא אונדז אינ ווײַנשענק איז ער געווענ זייער אנ אָפטער גאסט, ניט דערפאר, ווײַל ער איז געווענ א שיקער, כאָלילע, נאָר ווײַל דער טאטע מײַנער איז געווענ אַ בעריע אפּ מאכנ פונ ראָזשינקעס דעמ בעסטנ טײַערסטנ אונגערשנ ווײַנ, וואָס טשעטשעק פלעגט אָנקויעלנ, זיך גאָרניט קענענ אָפּלויבנ פונ אימ. ער פלעג ארופלייגנ אפּ אימ זײַנ גרויסע מוירעדיקע האנט אונ זאָגנ צומ טאטנ אפּ זײַנ געמישטער שפּראך:

— הער קעלערמייסטער! או טעבי נאלעפּשי אונגאר־ווײַנ! ניטאָ טאקי ווינאָ אינ בודאפּעשט! פּרעד באָ־העמ! 1)

צו מיר איז טשעטשעק געווענ צוגעלאָזט, מיך גע־ליבט, וואָס איך לערנ אינ כיידער, פלעגט מיך אָפּט פאר־הערנ, פרעגנ, ווער איז געווענ אַדאָמ? אונ ווער איז געווענ איזאַק? אונ ווער איז געווענ דזשאָסעפ?

— יויסעפ? — פרעג איך אימ — יויסעפ האצאדיק? 2)

— דזשאָסעפ — זאָגט ער.

---

1) הער ווײַנשענקער! בא דיר איז דער בעסטער אונגארישער ווײַנ. ניטאָ אזא ווײַנ אינ באדעפּעשט. בא גאָט.

2) א פיגור פונ דער ביבל־לעגענדע.

— יוסעפ. — פאריכט איך אים נאָכאמאָל.

— או נאַס דזשאָזשעפ, או וואַס יאָדזשעפ — מאכט ער צו מיר און טוט מיך א קניפּ אין בעקל — דזשאָזעפ — יאָדזשעפ. יאָדזשעפ — דזשאָזעפ — ווישיסטקאָ יעדנע, גאנץ ענאל 1).

— כי־כי־כי!...

איך באהאלט דאָס פּאָנעם אין קולעק און לאך מיך גוט אויס.

נאָר פון זינט איך בין א כאָסנ געוואָרן, האָט טשע־טשעק אויך אופגעהערט זיך באגיין מיט מיר ווי מיט א קונדעס און האָט אָנגעהויבן ריידן מיט מיר שוין ווי מיט א גלײַכן, דערציילן מײַסעס פון פּאָלק, פון מוזי־קאנטן (דער „פּאן פּולקאָווניק" האָט נײַן מאָס רייד, קיינער האָט אָבער קײַן צײַט ניט געהאט אים אויס־הערן, אכוץ מיר). איינמאָל האָט ער זיך מיט מיר צערעדט וועגן שפּילן, האָב איך אים א פרעג געטאָן:

— דער פּאן פּולקאָווניק שפּילט אף א וואָסער אינס־טרומענט?

— נא ווישיסטקיך אינסטרומענטי 2) — מאכט ער צו מיר און הייבט אוף אף מיר די ברעמען.

— אפן פידל אויך? — פרעג איך אים און ער בא־קומט מיטאמאָל אין מײַנע אויגן א פּאָנעם פון א מאלעך.

1) אלצײַנס, דאטזעלבע.
2) אף אלע אינסטרומענטן.

— קום צו גיין אמאָל צו מיר — מאַכט ער — וועל איך דיר שפּילן.

— ווען קאָן איך — זאָג איך — צו דיר קומען, פאַן פּולקאָווניק, אז ניט שאַבעס? נאָר ביטנײַ, קיינער זאָל ניט וויסן. זאָגסט מיר צו?

— פרעד באָהעם, — מאַכט ער צו מיר און הייבט אוף אַף מיר די ברעמען.

# 8

טשעטשעק האָט געוווינט ווײַט־ווײַט הינטער דער שטאָט, אין א קליינ ווײַס שטיבל, מיט קליינע פענצ־טערלעך, מיט געפּארבטע לאָדן, מיט א גרינעם גאָרטן, וואָס פונדאָרטן האָבן ארויסגעקוקט מיט גרויס גאַד־לעס אסאך הויכע געלע סאָנישניקעס, ווי עפּעס רעכטס, און האָבן אָנגעבויגן עטוואָס די קעפּלעך אַף א זײַט, אביסל געשאָקלט זיך, און האָבן ווי גערופן מיך צו זיך: „אהער צו אונדז, באָכערל! דאָ איז גראָם, דאָ איז פרײַ, דאָ איז ליכטיק, דאָ איז פריש, דאָ איז ווארעם, דאָ איז גוט”... און נאָך יענעם איפּעש, מיט דער היצ, מיטן שטויב, וואָס איז שטאָט, און נאָך יע־נער ענגשאפט מיטן געשריי, מיטן טומל, וואָס אין כיי־דער, גלוסט זיך טאקע אהער. ווארום דאָ איז גראָם, דאָ איז פרײַ, דאָ איז ליכטיק, דאָ איז פריש, דאָ איז

ווארעם, דאָ איז גוט! עס גלוסט זיך לויפן, שפּרינגען, שרײַען, זינגען, אָדער גאָר א וואָרף טאָן זיך אָפּ דער הוילער ערד, מיטן פּאָנעם איגעם גריגעם שמעקנדיקן גראָז אַרײַן. נאָר, אוי וויי, ניט פאר אײַך, יידישע קינ־דער, געלע סאָנישניקעס, גרינע קרויט, פרישע לופט, ריינע ערד, א לויטערער הימל,— האָט קײַן פאריבל ניט, ס׳איז ניט אַפּ אײַער מיסט געוואקסן געוואָרן!...

באגעגנט האָט מיך א שווארצער קודלאטער הונט, מיט רויטע פײַעריקע אויגן. ער איז אַפּ מיר אָנ־געפאלן מיט אזא רישעס 1), אז ס׳איז מיר שיר די נעשאָמע ארויסגעפאלן, א גליק, וואָס ער איז געווען צוגעבונדן אַפּ א שטריק. דערהערט מײַן געשריי, איז טשעטשעק ארויסגעלאָפן אָן א מונדיר און האָט אָנגע־הויבן שטראָפן דעם הונט, ער זאָל אנשטומט ווערן — און ער איז אנשטומט געוואָרן. נאָכדעם האָט ער מיך אָנגענומען פאר א האנט, צוגעפירט מיך גלײַך צום שווארצן קעלעוו 2), געזאָגט, איך זאָל גאָר קײַן מוירע ניט האָבן, ער וועט מיך ניט זאטשעפּען — א סימען, זאָגט ער, איך זאָל אים א גלעט טאָן איבער די האָר. און ניט לאנג געטראכט, נעמט ער מײַן האנט און פירט מיט איר איבערן הונטס פעל, רופט אים אָן בעשאסמײַסע מיט עטלעכע מאָדנע נעמען און זאָגט

1) בייזקייט.
2) א הונט.

אים גוטע ווערטער. דער שווארצער כעוורעמאנ לאָזט אראָפּ לעמ ווײדל, בייגט איינ דעמ קאָפּ, באלעקט זיכ מיט דעמ צונג און ווארפט אפּ מיר א קוקל מינ האַ־צאד 1), ווי איינער רעדט: „דײַנ גליק, וואָס דער פּאָ־רעצ שטייט דאָ. וואָלסט שוינ אוועקגעגאנגענ פונדאנענ אָנ א האנט"...

איבערגעלעבט די פּכאָדימ פונעמ הונט און ארײַנגע־גאנגענ מיטנ „פּאנ פולקאָווניק" אינ שטוב ארײַנ, ביז איכ ניוהעל־ווענישטוימעמ־געוואָרנ 2): אלע ווענט זײַ־נענ פארהאנגענ פונ אויבנ אראָפּ מיט ביקסנ, און אפּ דער ערד ליגט א פעל מיט א קאָפּ פונ א לייב אָדער א לעמפּערט, מיט מוירעדיקע שארפע ציינ. מיילע, דער לייב איז נאָכ א האלבע צאָרע־פּאָרט א געפּייגער־טער, אָבער די ביקסנ, די ביקסנ?... ס'איז מיר ניט אײַנגעגאנגענ די פרישע פלוימענ מיט די שיינע עפּל, וואָס דער באלעבאָס האָט מיכ מעכאבעד געווענ פונ זײַנ אייגענעמ גאָרטנ, מײַנע אויגנ האָבנ ניט אופגעהערט צו שפּרינגענ פונ איינ וואנט אפּ דער אנדערער.

נאָר שפּעטער, אז טשעטשעק האָט ארויסגענומענ פונ א רויט שאכטל א פידעלע, א קליינס, א קײַלעכיקס, מיט א מאָדנע בײַכעלע, האָט ארופגעלייגט אפּ דעמ די גרויסע צעשפּרייטע באָרד און די גרויסע געזונטע האנט

1) פונ א זייט.
2) שטארק דערשטוינט געוואָרנ.

אונ האָט געגעבנ דעמ ערשטנ פיר עטלעכע מאָל הינ
אונ צוריק מיטנ סמיטשעק, אונ עס האָבנ זיכ געגעבנ
א גאָס די ערשטע עטלעכע מעלאָדיעס, האָב איכ איג
איינ אויגנבליק פארגעסנ דעמ שוואַרצנ קעלעוו, מיטנ
שרעקלעכנ לייב, מיט די אָנגעלאָדענע ביקסנ — איכ
האָב נאָר געזענ פאר זיכ טשעטשעקס גרויסע צעלאָזטע
באָרד מיט זײַנע געדיכטע אראָפּגעלאָזטע ברעמענ, איכ
האָב נאָר געזענ א קײַלעכיק פּידעלע מיט א מאָדנע
בײַכל, אונ פינגער, וואָס טאנצנ איבער די סטרונעס
מיט אזא מעהירעס 1), וואָס א מענטשנס סייכל איז גאָר
ניט אימשטאנד מאסיג צו זײַנ 2), ווו נעמט מענ
דאָס אזוי פיל פינגער?
נאָכדעמ איז פארשוווּנדנ געוואָרנ טשעטשעק מיט
זײַנ צעשפרייטער באָרד, מיט זײַנע געדיכטע ברעמענ,
מיט זײַנע ווו-דערלעכע פינגער. אונ איכ האָב שוינ
ניט געזענ פאר זיכ גאָרניט. איכ האָב נאָר געהערט א
זינגענ, א קרעכצנ, א וויינענ, א כליפּענ, א ריידנ, א
ברומענ, מעשונע מאָדנע קוילעס אזעלכע, וואָס איכ
האָב נאָכ אפ מײַנ לעבנ ניט געהערט קיינמאָל! זיסע
קוילעס ווי האָניק, גלאטע ווי בוימל, האָבנ זיכ גע-
גאָסנ—געגאָסנ גלײַכ אינ הארצנ ארײַנ אָנ אופהער.
אונ מײַנ נעשאָמע איז אוועק ווײַט-ווײַט פונדאַנענ, אינ

1) פלינקייט.
2) באגרייפנ.

אן אנדער וועלט אריין, אין גאנײדן פון סאמע קוילעס, פון גאָלע געזאנגען...

הארבאטע כצעש 1)—רופט זיך אָן צו מיר טשעטשעק. לייגט אוועק דאָס פידעלע און טוט מיר א פאטש אין פלייצע.

איך האָב דערפילט, אז איך בין אראָפּגעפאלן פונעם זיבעטן הימל אראָפּ אף דער ערד.

פון דעמלט אָן האָב איך אָנגעהויבן צו גיין אהער אלע שאבעס באטאָג, הערן טשעטשעקן שפּילן אפן פידל. איך פלעג שוין גיין גלייך, ניט מוירע געהאט פאר קיי־נעם. און אפילע מיטן שווארצן קעלעוו זיינעם מיר געוואָרן אזוי באקאנט, אז ער האָט מיך דערזען, פלעגט ער דרייען מיטן ווײדל און זיך וועלן ווארפן אף מיר, א לעק טאָן די האנט, פלעג איך אים ניט לאָזן: „לאָמיר בעסער זיין גוטע פריינט פונדערוויטנ"!

אינדערהיים האָט ניט געוווּסט קיין פויגל, ווו איך פארברענג דעם שאבעס—פאָרט א כאָסן!—און מע וואָלט ניט געוווּסט דערפון אדהאיעם, עס זאָל ניט געווען טרעפן מיט מיר א נייער אומגליק, א גרויסער אומגליק, וואָס ווערט דאָ באשריבן אינעם קאפּיטל 9.

1) טיי ווילסטו?

# 9

דאכט זיכ, וועמענ באדאָרפ עס אָנגיינ, לעמאָשל, אז א ייִדיש באָכערל גייט זיכ שאבעס באטאָג שפאצירנ אביסל ווייַטער, הינטער דער שטאָט? צי עס איז טאקע מער ניטא וואָס צו טאָנ, נאָר נאָכקוקנ, אינזינענ האָבנ יענעמ? וואָס העלפנ אָבער די אלע טייַנעס, אז עס ליגט שוינ אזוי בא אונדז אינ דער נאטור, בא ייִדנ, הייסט דאָס, גוט צוקוקנ זיכ צו יענעמ, אכטונג געבנ, געפינענ כעסרוינעס אונ געבנ אייצעס. לעמאָשל, צוגיינ צו א ווילד פרעמדנ, אָפשטעלנ אימ בעשאס ער לויפט אונ איז פארטראָגנ, אז עס האָט זיכ בא אימ, דאַכט זיכ, פארקאטשעט א הויז, אָדער אָנווייַזנ יענעמ מיטנ פינגער, ער זאָל ניט וויסנ, וואָס איר מיינט: צי די נאָז, צי די באָרד, צי וועלכע גוטע יאָר? אָדער צונעמענ בא יענעמ פונ די הענט בעשאס יענער מוטשעט זיכ אונ וויל עפעס עפענענ, אונ זאָגנ אימ: איר קאָנט ניט, לאָזט מיכ! אָדער אָפשטעלנ זיכ בעשאַס יענער בויט א שטוב, אונ אויסזעצנ אימ א כעסאָרנ, אז די סטעליע איז, דאכט זיכ, צו הויכ, די כאדאָרימ צו גראָמ, אונ די פענצטער ומגעלומפערט ברייט. כאָטש נעמ צעוואָרפ די שטוב אונ שטעל זיכ בויענ גאָר איבער־

נײַסן.. אָט אזוי, הערט איר, איז שוין בא אונדז אײַנגע־
פירט פון קאדמונים, פון שיישעס־יעמיי־בערײשיס 1).

נאָך אזא מין האקדאָמע 2) וועט אײַך שוין זײַן רעכט, אז עפראַיִם קלאָץ, א ייִד א ווילד פרעמדער, וואָס האָט זיך אָנגעקערט מיט אונדז א קנעפּל, האָט נאָכגע־קוקט נאָך מיר, נאָכגעשפּירט און אָנגעשמעקט, וווהין איך גיי, און האָט מיר צוגעשטעלט א בענקעלע, גע־שווירן, אז ער האָט אליין געזען מיך עסן טאַרפעס 3) באַם „פּולקאָווניק“ און רויכערן א פּאפּיראָס אום שא־בעס. ער זאָל אזוי זען, זאָגט ער, בא זיך אלדעס גוטס, א ניט זאָל ער ניט דערלעבן, זאָגט ער, קומען אהין, וווהין ער גייט. און אויב ער זאָגט א דאָווער־שעקער 4) אפ אָט אזויפיל, זאָל זיך אים שטעלן, זאָגט ער, דאָס מויל אפ א זײַט, און עס זאָלן אים ארויס ביידע אויגן!

— אָמיין־האלעוויַי,— האָב איך געזאָגט און האָב גע־כאפּט פונעם טאטן א פרישן פּאטש, איך זאָל ניט זײַן קײַן אזעספּאָנעם... נאָר איך פארכאפּ, אזוי דאכט זיך מיר, די לאָקשן פאר די פּיש. איך האָב גאָר פארגעסן אײַך דערציילן, ווער איז געווען עפראַיִם קלאָץ, און

1) פון פארצייטן, פון זינט די וועלט שטייט.
2) פאָרוואָרט.
3) טארפעס, טרייפס—דאָס, וואָס איז פארבאָטן צו עסן לויט די יידי־שע רעליגיעזע געזעצן.
4) א ליגן.

וואָס איז ער געווען, און וואָס, ווי אזוי איז געווען די מײַסע.

אין עק שטאָט, אפּ יענער זײַט בריק, איז געזעסן א ייד עפראים קלאָץ. פארוואָס האָט מען אים גערופן קלאָץ? ער האָט אמאָל געהאנדלט מיט געהילץ, הײַנט האנדלט ער שוין ניט—איבער א מײַסע, א בילבל 1), מע האָט אויסגעטרייסלט בא אים א פרעמדן קלאָץ מיט א פרעמ־דער קליימע, האָט ער אפּ זיך געהאט א פעקל, א לאָ־דעניש, א שלעפּעניש, קוים־קוים אויסגעדרייט זיך פון טורמע. פון דעמלט אָן האָט ער אוועקגעוואָרפן אלע מיסכאָרים און האָט זיך גענומען צו שטאָט־זאכן, ארײַנ־קוקן אין קאָהאָלשע איניאָנים — צעכ 2), טאקסע, בעס־מעדרעש... טכילעס איז געווען ניט אזוי גוט, ער האָט געהאט ביזיונעס; נאָר וואָס ווײַטער, ווײַטער האָט ער זיך ארײַנגעדרייט, אײַנגעגעסן אין די ביינער ארײַן, געגעבן אָנצוהערעניש, אז ער „ווייסט ווו א טיר עפנט זיך"... און עפראים קלאָץ איז געוואָרן מיטדערצײַט א פאר־שוין א נוצלעכער, א נויטיקער, וואָס מע קאָן זיך אָן אים ניט באגיין, „אָט אזוי כאפּט זיך ארײַן א וואָרעם אין עפּל ארײַן", בעט זיך אויס גאנץ ברייטלעך, מאכט זיך א ווייכן געלעגער און ווערט דאָרט א היימישער, א גאנצער באלעבאָס.

1) א בייזוויליקע אויסטראכטעניש.

2) געמיינט—איניאָנים, וואָס האָבן א שייכעס צו באלמעלאָכעס.

געווען איז עפראִים א גידעריטשקער, געהאט קורצע פיסלעך, קליינע הענטלעך, רויטע בעקלעך און א געגגל אַ גיכס, מיט א טענצל און מיט א דריי מיטן קעפּעלע; גערעדט האָט ער גיך, מיט א קוויטשל, און געלאכט האָט ער מיט א דריבנע געלעכטערל, ווי מע שיט אַרבעסלעך. אָנקוקן האָב איך אים ניט געקאָנט,—איך ווייס ניט פארוואָס. אלע שאבעס באטאָג, ווען איך בין געגאנגען צו טשעטשעקן אָדער פון טשעטשעקן, פלעג איך אים באַגעגענען אפן בריק גיין שפּאצירן אין א לאנגן געלאטעטן שאבעס־דיקן לעטניק אָן די אַרבל; ער איז געגאַנגען, די הענט פארלייגט אַהינטער, און אונטערגעזונגען אפּ זייער א דינ קעלעכל, און דער לאנגער לעטניק האָט אים אונ־טערגעפּאטשט פונהינטן אין די פּיאטעס.

— גוט שאבעס! — זאָג איך אים.

— גוט שאבעס—מאכט ער,—וווהין גייט דאָס א יינגל?

— גלאָט אַזוי,—זאָג איך,—אפן שפּאַציר.

— אפן שפּאציר? איינער אַליין? — מאכט ער און קוקט מיר אין די אויגן אריין מיט אזא מין שמייכעלע, וואָס ס׳איז שווער צו טרעפן, וואָס מיינט ער דערמיט: צי ס׳איז א גרויסע בעריעשאַפט, וואָס איך שטעל זיך איין גיין איינער אליין, צי ס׳איז א כאָכמע, צי א נאַ־רישקייט?...

## 10

איינמאָל, געגאַנגענ צו טשעטשעקו, האָב איך באַ־מערקט, אַז עפראַיִמ קלאָצ קוקט מיר עפּעס זייער שטארק נאָכ; האָב איך זיך אָפּגעשטעלט אפּנ בריק אונ געקוקט אינ וואסער אַריַינ. האָט זיך עפראַיִמ אויך אָפּגעשטעלט אונ אויך געקוקט אינ וואסער אַריַינ. האָב איך זיך גע־לאָזט גיינ צוריק—ער גייט אויך. האָב איך זיך געלאָזט גיינ ווידער אַהינ—ער אויך. נאָכדעמ איז ער פארפאלנ געוואָרנ. שפּעטער, געזעסנ מיט טשעטשעקנ באמ טיש אונ געטרונקענ טיי, האָבנ מיר דערהערט דעמ שווארצנ קעלעוו בילנ אפ עמעצנ זייער שטארק אונ ריַיסנ זיך פונ דעמ שטריק. א קוק געטאָנ אינ פענצטער, האָט זיך מיר אויסגעדאכט, אַז איך זע עפּעס א נידעריקס, אַ־שווארצינקס, מיט קליינע פיסלעכ, לויפט־לויפט אונ ווערט פאַרשווונדנ. נאָכנ געגנל וואָלט איך געמעגט שווערנ, אַז ס'איז עפראַימ קלאָצ.

קאַכאַווע 1). איך בינ געקומענ שאבעסצונאכטס אהיימ מיט א פארפלאמט פּאָנעמ אונ האָב געטראָפנ עפראַיִמענ זיצנ באמ טיש. ער האָט עפּעס זייער שטארק גע־רעדט אונ געלאכט מיט זיַינ מאָדנעמ געלעכטער. דערזעענ מיכ, איז ער אנטשוויגנ געוואָרנ אונ געקלאפּט מיט די

1) אזוי איז געווענ.

קורצע פינגערלעך איבערן טיש. אנטקעגן אים איז געזעסן דער טאטע, טויט ווי די וואנט, און האָט זיך געדרייט די באָרד, געריסן די האָר איינציקוויַיז — א סימען, אז ער איז אינקאעס.

— פונוואנען גייסטו דאָס? — פרעגט מיך דער טאטע און קוקט אף עפראַימען.

— פונוואנען, — זאָג איך, — זאָל איך גיין?

— איך ווייס, — זאָגט ער פונוואנען, — זאָג דו פונוואנען, דו ווייסט בעסער.

— פון בעסמעדרעש — זאָג איך.

— און ווו, — זאָגט ער, — ביסטו געווען א גאנצן טאָג?

— ווו, — זאָג איך, — זאָל איך זײַן?

— איך ווייס, — זאָגט ער, — ווו? זאָג דו ווו, דו ווייסט בעסער.

— אין בעסמעדרעש, — זאָג איך.

— וואָס האָסטו געטאָן — זאָגט ער, — אין בעסמעדרעש?

— וואָס זאָל איך טאָן, — זאָג איך, — אין בעסמעדרעש?

— איך ווייס — זאָגט ער, — וואָס דו זאָלסט טאָן?

— איך האָב געלערנט, — זאָג איך.

— וואָס האָסטו געלערנט?

— וואָס זאָל איך לערנען? — זאָג איך.

— איך ווייס, — זאָגט ער, — וואָס דו זאָלסט לערנען?

— גוטמאָרגן 1) — זאָג איך, — האָב איך געלערנט.
— וואָסער גוטמאָרגן, — זאָגט ער, — האָסטו געלערנט?
— וואָסער גוטמאָרגן, — זאָג איך, — זאָל איך לערנען?
— איך ווייס, — זאָגט ער, — וואָסער גוטמאָרגן זאָלסטו לערנען?
— די גוטמאָרגן „שאבעס“ 2), — זאָג איך, — האָב איך געלערנט.

דאָ האָט זיך עפראַיִם קלאָץ צעלאַכט מיט זײַן דריבנע געלעכטערל, און מער האָט שוין, אפשר, דער טאטע ניט געקאָנט איבערטראָגן. ער האָט זיך אופגעכאפּט פונעם אָרט און האָט מיר אופגעוואָרפן צוויי הילכיקע פלאַם-פײַערדיקע פעטש, עס זײַנען געפלויגן בא מיר פונקען פון די אויגן. האָט דערהערט די מאמע פונעם אנדערן צימער, איז זי ארײַנגעלאָפן מיט א געשריי:

— נאָכעם! גאָט איז מיט דיר! וואָס טוסטו? א באָכער א כאָסן, פאר דער כאסענע? באַרעכן זיך, טאָמער, כאָלילע, ווערט געוווירע דער מעכוטן?!

— — — — — — — — — — — — — —

די מאמע איז געווען גערעכט, דער מעכוטן איז געוווירע געוואָרן פון דער גאנצער מײַסע, — עפראיִם האָט

1) א סעריע רעליגיעזע ביכער.
2) אַן אָפּטייל אין דער גוטמאָרגן.

אים אלץ איבערגעגעבן, און האָט דערלעבט אין אים א נעקאָמע, וואָרום זיי זײַנען טאָמיד געווען צווישן זיך אַפּ מעסער־שטעכ.

* * *

אַפּ מאָרגן האָט מען אָפּגעשיקט די סנאָיִם מיט די קאַלע־מאַטאָנעס, און איך בין געוואָרן אויס כאָסן.....

1902 י.